# בּערציק דער יתום

## איין הערליכע ערצעהלונג

מיט א שטיקיל ראמאן אויך

פאָן

## שבתי מאטצקעוויטש.






ווילנא
שנת תרע"ג לפ"ק

БЕРЧИКЪ СИРОТА.

Разсказъ Ш. Мацкевича.

ВИЛЬНА.
Типографія Розенкранца и Шрифтзетцера.
Лидскій переулокъ, домъ № 2598/13
1913

# 1.

## יֶענְטְשַׁאדְלֶער גְרויסֶע קְרֶעצֶעם.

וָוער עֶס אִיז נִיט גִיוָועזֶען אִין דֶער שְׁטָאדְט יֶענְטְשַׁאדְלֶע, אונ הָאט נִיט גִיזֶעהֶן דָארְטִין דִיא גְרויסֶע קְרֶעצֶעם מִיט דִיא לַאנְגֶע סְטאדָאלֶעס וויא דֶער אִידֶעשֶׁער גָלוּת, דֶער הָאט טַאקִי דִיא וֶועלְט נִיט גִיזֶעהֶען; דִיא גְרֶעסְטֶע פוּן זֵייא, אִיז אַ גִימוֹיֶערְטֶע קְרֶעצֶעם, לַאנְג אוּנ בְּרֵייט, עֶס גִיפִינֶען זִיךְ אִין אִיר וִויפִיל עֶרְלֵייא צִימֶערִין, מִיט לַאנְגֶע נַארֶעטֶע בֵּיינְק, וֶועלְכֶע גֵייעֶן ארוּם דִיא וֶוענְט מִיט גְרויסֶע דִיקֶע קָאמִינֶעס, וָואס גְרוילְט זֶעהֶענְדִיג.

דִיא שְׁטָאט יֶענְטְשַׁאדְלֶע, לִיגְט נִיט וַוייט פוּן רֶעלִיפֶער אַייזִין-בַּאהְן, זִיא אִיז גִיוָועזֶען בֶּעפְאר דֶער בַּאהְן הָאט זִיךְ פארְצויגִין פַאר בַּייא אִיר, אַ אֵיינְפַאכֶע שְׁטָאדְט אוֹיפִין אַלְטִין שְׁטֵיינֶער, הַיינְט אָבֶּער וָועט אִיהְר אִיר גָאר נִיט דֶערְקֶענֶען, קוּבַא···! עֶס אִיז שׁוֹין גָאר נִיט דִיא שְׁטָאט, גָאר נִיט דִי מֶענְשִׁין, מִי אִיז שׁוֹין גִיבִּילְדֶעט, מֶען לֶעזְט שׁוֹין דָארְטִין רָאמַאנֶען אוּנ מֶען שְׁפִּילְט שׁוֹין דָארְטִין לִיבֶּעס, הַכְּלַל אַנַאנְצֶע וֶועלְט אַזוֹי וִויא אִין אַ כְּרַךְ.

דָארְטִין אִין גְרויסֶע קְרֶעצֶעם וואוּ עֶס וָואהְנְט שְׁמֶערִיל שוּלְקֶעס, אִיז צוּא זֶעהֶען אִין אַיין זוּמֶערְדִיגֶען פַאר נַאכְט, אַ גְרויסֶע סוּמָאטָאכֶע, אַ טוּמִיל, אַ גִיפִּילְדֶער פוּן דִיא צָארְנֶע בַּאבָּאצֶעס וָואס הָאבֶּען זִיךְ צוּא זַאמֶען גִעקְלִיבֶּען נָאךְ דֶער

 ארבעט

ארבעט. עס איז דארטען צוא זעהן ארבייטס לייט פון אלערליי סארטין: פלאטניקעס, קאמענשציקעס, זעמלעקאפעס, א גאנצע באסע קאמאנדע, דען דאס וואר אין יענער צייט וואס רעליפער לינע האט זיך געסטראיעט, אלע האבען געהאראצעט, געלאקאצעט, איינער שטייט ביין בופעט און בעט ביי דיא שיינקערקע בראנפען אונד געלד, און דיא שיינקערקע ענטפערט איהם ניט.

נו נא-דיר מיין האק!

איך דארף ניט קיין האק, איך דארף געלד;

טוא נא-דיר מיין לאפצערדאק, און גיב כאטשי איין קרוצאק! מארגין גיב איך דיר געלד, און היינט גיב בראנפען אויף בארג.

מארגען וועל איך בארגען, אבער היינט בעצאהל געלד.

עס ווערט אקלאפעריא מיט דיא קולאקעס אין בופעט און ער וויל אום קערין דעם בופעט מיטין דעק ארויף.

אין מיטין שטוב שטייען א באנדע און איינער הארעצעט און טערעדייקעט אויף א הארמאניק, און אלע טאנצין מיט פלעשלאך אין דיא הענד, און אין מיטין דערין ווערט גאר א דראקע, א סקאנדאל, קורץ עס איזט דארטען דא וואס צוא זעהען.

ביין בופעט זיצט דיא שיינקערקע שולקע שמערילס, א פרויא פון א יאהר 45, דיק און רויט וויא א ציטעס, זיא וואר גיקליידעט אויפין פאר צייטיגין שטייגער, אין א לייביל מיט א רויטע טירקעשע פאצייליקע ארום גידרייט דיא קאפ, און אין א נייט היינגט נאך ארויס א פראנז פון פאצייליקע, צוויא לאנגע דימענטענע אוירינגלאך זיינען גיהאנגען פון ביידע אויערין מיט א רויטע שטיינגע פארצעפעט איינע אן די אנדערע, אויפין האלדז

טְרָאגְט זיא אַ זַמוּט קַארֶעלִין מִיט אַ פָּאר צִייטִינְן גָאלְדֶענֶעם רֶענְדִיל, דֶער מוֹיל בִּיז דִיא אוֹיעֶרִין בְּרֵייט, אוּנ זִיא רַאבָּאטֶעוֶעט מִיטִין מוֹיל אוֹיף אַלֶע זַאסְטוּפְּקֶעס: מִיט דֶעם הָאט זִיא עֶרִינְשְׁט גִישְׁפְּרָאכִין, אוּנ אַף דֶעם זִיךְ גִיבֵּייזֶערְט; עֶס זַיינֶען עֶטְלִיכֶע עֶרְלֵייא שְׁפְּרַאכִין אִין אַיין מִינוּט דוּרְכְגִילָאפִּין דוּרְךְ אִיהְר מוֹיל, דָא רֶעט זִיא פּוֹיעֶרְס, דָא לִיטְוָועס, אוּנ דָא צִיגַיינֶערְס, נֶעבִּין אִיהְר זִיצְט אִיהְר טָאכְטֶער, דִיא פְרֵיילִין פּוֹילִינֶע צְווִיפַּאק, אַ מֵייד לֶעֶרְךְ פוּן אַ יָאהְר 20, אַ בְּרוּינֶעטִין, מִיט אַ לַאנְגִין שְׁפִּיצִיגְן נָאז זִיא וַואר שׁוֹין אָן גִיקְלֵיידֶעט אַרִיסְטָאקְרַאטִישׁ. פּוֹילִינֶע נֶעמְט דָאס גֶעלְד, אוּנ גִיט אַרוֹיס אוֹיסְגַאבֶּע (רֶעסְטֶע), אוּנ אָפְּט מָאל פְּלֶעגְט זִיא צוּ בְּרֵיינְגֶען אַ גִישְׁפְּרֶעךְ מִיט אַ פֶּערְזָאן פוּן אֵיידֶעלֶערִין קְלַאסְס.

אִין קִיךְ, וַואר צוּ זֶעהְן אַ מֵיידִיל פוּן 15 יָאהְר, וֶועלְכֶע אִיז שְׁטַארְק בֶּעשֶׁעפְטִיגְט מִיט הוֹיזְלִיכֶע אַרְבֶּעט, וִויא קָאכִין, בַּאקִין, וַואסֶער אוּנ הָאלְץ אַרַיין טְרָאגִן דִיא קִיךְ אַרוּם זֶעהֶען, דִיא טִישׁ אוּנ בֵּיינְק שַׁייעֶרִין אוּנ וַואשִׁין, דִיא הַייזֶער אוֹיס קֶערִין אוּנ אוֹיפְרַאמֶען. הַכְּלָל זִיא אִיז שְׁטֶענְדִיג פַּאר הָארֶעוֶועט פַאר פִינְסְטֶערְט, פַאר חוֹשֶׁכְט פוּן גְרוֹיס פְרַאצֶע. —

## 2.

## פַּייקֶע דִיא קָאקֶעטְקֶע.

דִיא פְרֵיילִין פּוֹילִינֶע, (אוֹיף פְּרָאסְט פַּייקֶע), וַואר אֵיינֶע פוּן דִיא עֶלֶעגַאנְטְקֶעס מָאדְנִיצֶעס פוּן גַאנְץ יֶענְטְשַׁאדְלֶע, דֶער צוּא הָאט זִיא זִיךְ גִיהַאלְטִין פַאר דִיא גְרֶעסְטֶע גֶעבִּילְדֶעטֶע

אין גאנץ שטעטיל, דעם בוך וואס זיא פלעגט נעמען אין ביבליאטעק אויף פראקאט, פלעגט זיא קיין מאל ניט אויס לעזין, אונ פלעגט באלד אומבייטין אויף א-נ-אנדערין, ווייל זיא איז גיוועזן זאל ניט אויס גירעט זיין ניט איבעריגם נישמיט אין דער שפראכע, קוים וואס זיא פלעגט קענען דורך פוידזען איבערין ווארט, נאר זיא פלעגט כלאמפערסט לעזין, אט זאל מען מיינען.... !

דיא מאדע פלעגט זיא היטין מיט אלע דינים, נאך איהר פלעגין אלע נאך טאנצין דיא מאדע, דען וויא עס פלעגט נאר ארויס גיין אנייער זורנאל, פלעגט זיא שוין ארויס גיין אין נאס די ערשטע, די מאמע איהרע שולקע פלעגט פון איר מאכין א גאנצין וועזין, אונ פלעגט זאגין, אז איר פוילינע איז גאר איין גרעפעשע קינד, זיא איז גאר ניט גלייך צוא נועמען. —

גיוואהנליך אזא גיבילדעטע פריילין, האט מהסתם גיהאט א גיפיל אין ראמאנען, אין ליבעס, זיא האט זיך איין גיליבט אין דעם לעהרער מאקס שטיינבאך, א בחור פון דער נייער וועלט, וואס האט שוין גיפירט איין אריסטאקראטישע ראלע אין יענטשאדלע.

מאקס שטיינבאך, איז גיוועזן א גיבארענער פון דער שטעטיל צעפידלע, זיינע עלטערין זיינען גיוועזן נימיינע מענשין. ער האט גישטאלצירט מיט זיינע לעהרערייא, עפעס וויא ער וואלט דא זיין א פראפעסער אין אקאדעמיע, דען אין יענע צייטין, ווער עס האט גיקענט אויף שרייבין א גאספאדינאקיל אויף רוסס, אדער אויף א בוך דיא ווערטער עטא. קניגא פרינאדלעזיט מיט צעהען גרייזין, איז שוין גיוועזן א גרויסער קענער. זיינע קענטשאפט האט ער ערווארבען זייענדיג אין

ליפּאווע א מאלציק, ביא איינעם פון דיא אריסטאקראטין, מער ניט גינאסטערהייט, דאס הייסט, הויל פון פּראקטיקע, אבער ניט פון טעאריע, דען לערנען האט ער קיין מאל ניט גיוואלט, בעת ער איז גיוועזען אלס אינגיל, איז ער גיוועזען א גרויסער וויסוס, א גרויסער מזיק, ער פלעגט אלע קינדער צו קיילין און צו ביילין, און פלעגט אליין אויך שטענדיג ארום גיין מיט א צורייסענעם נאז, און גייענדיג פון חדר פרייא, פלעגט ער ניט אויס מיידין קיין גליך וואו ער פלעגט דארטין ווייזן זיין גרויסע העלדעשקייט, וויא קונציג ער קען זיך גליטשין אויף איין פוס, אויף דיא קניא, אויך פלעגט ער ניט אויס מיידין קיין פערד, וואו ער זאל אים ניט רייסין פון עק דיא האר, — איין מאל האט אים אבער א פערד דער לאנגט א בריק אין באק, אז ער האט אים ארויס גערייסין איין שטיק פלייש, און דער סינאק איז אים שטענדיג קענטיג גיוועזען אויפין גיזיכט. —

אין שטוב פלעגט ער שטענדיג פירין פריוועריעס מיט זיינע ברידער און שוועסטער. דער פאטער האט פון אים ניט גיקענט אויס ליידין, האט ער אים גישיקט אין ליפּאווע לערנען, — אבער דאס גראד ניט לערנען איז ניט פון ארט, ער פלעגט מער ניט גאנצענע טעג ארום גיין שלינג און שלאנג איבער דיא גאסין, ער איז גיווען איבעראלל פול, אין אלע סעדער, אין אלע ערטער וואו מען באדט זיך, און פלעגט זיך לערנען שווימען, מען האט אים ביין שעור אין קלויז קיין מאהל ניט אן גיזעהען, ער פלעגט מעהר ניט קומען ביא נאכט נעכטיגען, און פלעגט אפּ שפּילין איין מאל א גאנצע נאכט אין קארטין, ביז דיא

יְשִׁיבָה לַייט הָאבּען זיך אויף אים אָנגִיזָעצְט, און מָען הָאט אים אַטְקַאוָעט פון דָער יְשִׁיבָה.

דָא הָאט זיך מֶעכְקֶע צֶעפִּידְלָער גינומֶען זוכֶען שְׁטִיצֶע בַּיי דִיא אויף גִיקְלָערְטֶע יונְגֶע לַייט, דָאס הַייסְט בַּייא אַזֶעלְכֶע וָואס זַיינֶען מְסַאֵס לֶערְנֶען, און נֶעמֶען זיך צו בִּילְדונג, אָבֶּער זַייא זַיינֶען דָאךְ אויךְ נֶעבּאךְ גְרויסֶע קַבְּצָנִים, און קוים וָואס זַייא בֶּעקוּמֶען אַלַיין זַייעֶר לֶעבֶּענְס מִיטִיל, דֶען וָוער עֶס לֶערִינְט אִין אַ יְשִׁיבָה, אִיז לְכָל הַפָּחוּת דָא אַייִנְגֶעוָועהנְט: מֶען גִיט עֶסִין טֶעג, און נֶעכְטִיגִין אִין קְלויז, אָבֶּער אַזֶעלְכֶע — צוא וָועמֶען קֶענֶען זַייא זיך צוא טוּלֶען? דִיא גִיבִּילְדֶעטֶע זַיינֶען עַל פִּי רוֹב גְבִירָה'שֶׁע קִינְדֶער, וָואס טַייסֶען פון קַיין נויט נִיט, און גַייעֶן נָאר נִיט אַרַיין אִין דֶער פָּאלָאזְעניֶע פון אַיין עֶלֶענְדֶען מֶענְשִׁין, עֶס אִיז גִיקוּמֶען בִּיטֶער, נִיטָא וָואס צוא עֶסִין און וואו צוא שְׁלָאפִין.... נון הָאט אִים אַם עֶנְדֶע דֶער שִׁיקְזַאל מִיט גִיבְּרַאכְט, אַז עֶר הָאט שוין גִיקְרַאנְקִין וואו צו נֶעכְטִיגִין בַּייא אַלִיפָּאוָוער אַרִיסְטָאקְרַאט, וָועלְכֶער אִיז אַרוֹיס מִיט זַיין פַאמִילְיֶע אויף דֶער דַאצְיֶע, נוא דַארְפִין זַייא דָאךְ הָאבִּין וָוער עֶס זָאל הִיטִין דִיא הַייזֶער, הָאט מֶען גֶעראַיעט מֶעכְקֶען דֶעם פְּרָאיֶעקְט, אַז עֶר זָאל לַאזִירִין אִיבֶּער זוּמֶער אִין דִיא הַייזֶער. —

מֶען הָאט אִיהם אִיבֶּער גִינֶעבִּין דִיא שְׁלִיסְלֶען פון דִיא הַייזֶער, און מֶעכְקֶע הָאט אַרַיין גִיטְרָאגִין אַהִין זַיין קֶעכְטִיל, דֶעם הֶעקִיל מִיטִין פֶּעקִיל, און הָאט גִינוּמֶען לַאזִירִין דָארְטִין, עֶר הָאט אַלַיין נִיט גִיוואוּסְט אִין וֶועלְכֶע צִימֶערְן עֶר זָאל פְרִיעֶר זִיצִין, אַ מָאל אִיז עֶר גִיזֶעסִן אִין זַאל, און אַ מָאל אִין נַאבִּינֶעט, און דָא אִיז עֶר נָאר אַרוֹיס אויפִין בּאלְקָאן, און הָאט זיך גִיזֶעצְט אויף אַ קְרֶעסְלֶע, און לֶעזְט אַ צַייטוּנג, זָאל מֶען מַיינֶען אַז אִיךְ בִּין עֶפֶּעס אויךְ אַ לַייט. אָבֶּער וָואס טוט מֶען עֶס הוּנְגֶערְט?.... עֶס ווִילְט זיך

גוּט עֶסְן , אוּנ וואוּ נֶעמְט מֶען? ···· עֶר אִיז אַרוּם גִינַאנְגֶען אִיבֶּער דִיא הֵייזֶער פוּן אֵיינֶע אִין דִיא אַנְדֶערֶע זוּכִינְדִיג, פִילְלַייכְט אִיז צוּא גִיפִינֶען הָאצִי אַ שְׁטִיקִיל בְּרוֹיט צוּא שְׁטִילִין דֶעם הוּנְגֶער אָבֶּער עֶס אִיז אוּמְזִיסְט דֶער זוּכִין , בַּייא גְבִירִים לָאזְט מֶען זִיךְ נִיט וַואלְגֶערִין קֵיין בְּרוֹיט אִיבֶּער דִיא טִישִׁין אוּנ אִין דִיא שְׁפַּייז אַלְמֶערְס, עֶס וֶוערְט יֶעדֶער טָאג גִירֵיינִיגְט אַלֶע ווִינְקֶעלַאךְ , ווִיא בַּייא אוּנְז עֶרֶב פֶּסַח דֶעם חָמֵץ . —

מַיילֶע עֶסִין , ווִיא עֶסִין , חָאץ אַ פַּאפִּירָאס וָואלְט גִיוֶוען צוּא קְרִיגִין , עֶס ווִילְט זִיךְ זַייעֶר רוֹיכֶערִין אָבֶּער דָאס אִיז אוֹיךְ נִיטָא , נוּ צוּרִיק אַפִין בַּאלְקָאן צוּם בְּלַאט צֵייטוּנְג , אִין דֶעם פַארְשְׁמֶעקְט אִים עֶפֶּעס אַ רוֹיךְ פוּן אַ פַּאפִּירָאס , עֶר גִיט אַ בְּלִיק אוּנְטִין , עֶס גֵייט אַ-נְ-אָפּ גִירִיסֶענֶער טוֹיבִּין חַאפֶּער אוּנ רוֹיכֶערְט אַ פַּאפִּירָאס , יֶענֶער קוּקְט אַרוֹיף , אוּנ אִיז אִים מְקַנֵא ווִיא עֶר זִיצְט אוֹיפִין בַּאלְקָאן , אוּנ דֶער אִיז דֶעם מְקַנֵא וָואס עֶר רוֹיכֶערְט דֶעם פַּאפִּירָאס . —

אַזוֹי אַ פַּאךְ לֶעבִּין , הָאט מֶעכֶקֶע פַאר בְּרַאכְט נָאךְ דֶעם ווִיא עֶר הָאט אָפּ גִישְׁנִיטִין פוּן אָרֶעם בָּחוּר'שַׁאפְט , אוּנ נָאךְ דֶער דַאצֶיע , אִיז עֶר אָן גִיקוּמֶען צוּא אַ גְבִירָהסִין יוּנְגֶען מַאחִן פַאר אַ מַאלְצִיק , וואוּ עֶר הָאט דָארְטִין אָפּ גִינַאסְט אַבִּיסִיל הַשְׂכָּלָה , אוּנ אִיז אָן גִיקוּמֶען צוּם עֶנְדֶע פַאר אַ לֶעהֶרֶער אִין יֶענְטְשַׁאדְלֶע דָארְטִין הָאט עֶר שׁוֹין אָפּ גִילֶעבְּט , אוּנ הָאט גִישְׁפִּילְט אַנַאנְצֶע אַרִיסְטָאקְרַאטִישֶׁע רָאלֶע . —

מֶען זֶעהְט שׁוֹין ווִיא מֶעכֶקֶע שְׁטֵייט שׁוֹין אוֹיף אַ קְוַואטִיר , אוּנ פִירְט זִיךְ שׁוֹין ווִיא אַ בַּאלֶעבָּאס (בַּעַל הַבַּיִת) פַאר זִיךְ , עֶר הֵייסְט שׁוֹין דֶעם שְׁטָארָאז מַאכִין שַׁבָּת דֶעם סַאמֶעוַואר , אוּנ פוּילְט זִיךְ אַלֵיין אוֹיךְ נִיט צוּא וַוארְפִין אַקוֹיל , עֶר קֶען שׁוֹין קֵיין צָאלִינְט נִיט עֶסִין , אוּנ מַאכְט זִיךְ לוּסְטִיג אִיבֶּער אִידֶעשֶׁע

מִנְהָגִים, וואו גַיין דַאווְנֶען, וָוען גַיין דאוּתָּען ?···· אויפְשְׁטֵייעֶנְדִיג שַׁבָּת, אָפּ גִימְרוּנְקֶען טְהֵייא, גוּט פאר בִּיסִין, אַיין גְיוַואשִׁין זִיךְ, אוּים גִיפּוּצְט זִיךְ, אוּנ הֵיידַא שְׁפַּאצִירִין אוּנְטֶערִין שְׁטָאט, (אָדָער גָאר צוּם שְׁרַייבֶּער פוּן וָואלָאסְט, צוּם סְמַאטְרִיטֶעל פוּן פָּאצְט, אָדָער צוּם אוּרַאדְנִיק דָארְטִין פְּלֶעגְט זַיין זַיינֶע בֶּעסֶעדֶעס). אוּיפִין נָאז דָעס פַּאנְסְנֶע, אוּנ אִין הַאנְד דָעם שְׁטָאק, גָאר אַגַאנְצֶער גְרַאף····!

וָוער רֶעט שׁוֹין וֶועגִין בַּארִישְׁנֶעס, הָאט עֶר גִיהַאט אַרוּם זִיךְ וְויא אַיין גַאנְצֶע הוּרְט גֶענְז, יֶעדֶערֶע הָאט זִיךְ צוּא אִים גִילַאשְׁצֶעט, יֶעדֶערֶע הָאט זִיךְ פאר אִים גִיקָאקֶעטֶעוֶועט, אוּנ אַלֶעמֶען הָאט עֶר צוּא גִיזָאגְט צוּא נֶעמֶען, זַייא פְּלֶעגִין אִים קֶעכְלֶען, אוּנ פְּלֶעגִין זִיךְ אוּיף אִים לָאזִין קָאסְטִין שְׁטִיקֶער גֶעלְד, אוּיף טְרַאקְטַאמֶענְטִין, אוּיף בַּאלִיקֶעס, אוּנ עֶר פְּלֶעגְט זִיךְ צוּא רַייכִין רִימֶענְדִיג זִיךְ, וָואס פַאר אַגְיוַואלְדִיגֶער קֶענֶער עֶר אִיז.

מֶעכְקֶע הָאט גִיהַאט גוּטֶע יָאהְרִין פוּן אַלֶע קַאנְטִין, עֶר הָאט גִיגֶעסִין, גִיטְרוּנְקֶען, אוּנ קֵיין גְרָאשִׁין גֶעלְד הָאט אִים נִיט גִיקָאסְט, גֵייעֶנְדִיג מִיט אֵיינֶע שְׁפַּאצִירֶען, פְּלֶעגְט עֶר אָפּ לַאכִין פוּן דִיא צְוַוייטֶע, וְויא זִיא רֶעדְט, וְויא זִיא גֵייט, וְויא זִיא שְׁטֵייט, אוּנ נָאךְ דָעם פאר אַ-נַ-אַנְדֶערֶע, אָפּ גִילַאכְט פוּן דִיא.

„מֶעכְקֶע" מִיטִין נָאמֶען הָאט מֶען אִים נִיט גִיטָארְט אָן רוּפֶען, עֶר הָאט זִיךְ אַנָאמֶען גִיגֶעבִּין „מַאקְס", אַיין מָאל הָאט אִים בַּאגֶעגִינְט זַיינֶער אַ קָאמֶערַאד גֵייעֶנְדִיג אִין לִיפָּאוֶוע אִין גַאס, וואו עֶר אִיז גִיקוּמֶען אוּמִישְׁנֶע בֶּעזוּכִין טֶעאַטֶער, אָדֶער אַ צִירְק, הָאט אִים יֶענֶער אַרוּף גִיטָאן מִיטִין אִידֶעשִׁין נָאמֶען, אוּנ עֶר קֶערְט זִיךְ נִיט אָפּ; „זָע שְׁעֶר-אַ-פּוּרְיָע!" זָאגְט יֶענֶער

צוֹא זִיךְ „וִויא גְרוֹיס עֶר אִיז דָאס גִיוָוארִין! פְרֶעג וִויא לַאנְג פְלֶעגְט עֶר פוּצִין בַּייא נָאזְבַּאנְדִין דִיא שְׁטִיוִויל, אוּנ הַיינְט אִיז עֶר גָאר גִיוָוארִין אַ גַאנְצֶער סְמַארְק!"..

# 3.

## סוּלְקֶעס רֶעדֶע.

„גִיוַואלְד! אִיךְ וֶועל נִיט דֶער הַאלְטִין פוּן דִיא כָּל-בּוֹ-נִיצֶע, פוּן דִי טְרֵיפָה בֵּיין, אַזַא שְׁטִיק פְלֵייש מִיט צְוֵוייא אוֹיגִין. דִי אוֹיגִין זָאל אִיר אַרוֹיס, דִיא שְׁטִיק שְׁלוּמְפֶּער, דִיא שְׁטִיק לַאנְטוּךְ; הֶער שְׁמֶערִיל! אִיךְ זָאג דִיר, אַז דוּא וָועסְט אִיר נִיט לֵיינִין אוֹיף אַ-נְ-אָרְט, זָאל מַיין נָאמֶען נִיט הַייסֶען סוּלְקֶע, זִיא זָאל בַּייא מִיר שַׁבָּת נִיט זַיין, קְרֵיינְק ווַייטָאג וֶועל אִיךְ אִיר גֶעבִּין נִיט עֶסִין, פְרֶעג וָואס הָאט זִיא הַיינְט גִיטָאן?.... בּוּלְבֶּע הָאט זִיא שׁוֹין אָן גִישָׁאבִּין אוֹיף צָאלִינְט? .... דִיא סַאמָאנוּארִין מִיט דִיא לַייכְטֶער הָאט זִיא שׁוֹין צוּא שֵׁייעֶרְט? פַאר דִיא קוּה הָאט זִיא שׁוֹין פַאר מִישְׁט? דִיא גֶענְז הָאט זִיא שׁוֹין גִיגֶעבֶּען וַואסֶער? מֶער נִיט וִויא עֶסִין צוּ פְּלַאצְט זָאל זִיא וֶוערִין, אוּנ אַרוּם לוֹיפִין אִיבֶּער דִיא סַאנְצִין, אַט דָאס אִיז אִיהְר אַרְבֶּעט, אַזַא דַארְמָאיֶעד.... אַט וִויא מַיין נָאמֶען אִיז סוּלְקֶע, אַז מִיטִין קָאצֶערֶע וֶועל אִיךְ אִיהְר בַּאלְד דֶעם מֹחַ פְלֶעטֶען, אוּנ אַוֶועק לֵייגִין אַף אַ-נְ-אָרְט, — נַאחַיי וָואלְט זִיא פַאר זַארְקֶעט גִיוָוארִין אַ קְלֵיינִינְקֶע, אֵיידֶער אִיךְ הָאבּ אִיר דֶער קֶענְט!....

אַזַא רֶעדֶע הָאט זִיךְ גִילָאזְט הֶערִין אִין דֶער שְׁטָאט

יִעֲנְטְשַׁאדְלָע, אַ פְּרֵייטָאג אִין דֶער פְּרִיה פוּן דֶעם כְּשֶׁרִין מוֹיל פוּן סוּלְקָע שְׁטָערִילְס, אוּנ אִין דֶעם חַאפְּט זִיא שׁוֹין טַאקִי דִיא אַייזֶערְנָע קָאצֶערֶע, אוּנ פְלֶעמְט אִיבֶּער דִיא בַארֶע בֵּיינֶער פוּן אַ פּוּפְצֶעהֶען יָאהְרִיגֶע מֵיידִיל, דִיא מֵיידִיל לִיגְט אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנ זִיא דְרֶעשְׁט אִיבֶּער אִיהְר וְויא אִיבֶּער פְּאשֶׁער, דִיא מֵיידִיל שְׁרַייט נֶעבַּאךְ פוּן יְסוּרִים אוּנ זִיא טוּט אוּנ פְלַאזֶעוֶעט, אָט זַייא ווִיסְן, וַייטָער, לִיג אוּנ קְרֵיינְק, — אָט אַזוֹי!....

דִיא מֵיידִיל הָאט זִיךְ נֶעבַּאךְ פַאר גַאנְנֶען, אוּנ הָאט קַאם אָפּ גִיחַאפְּט דֶעם אָטוּם, אוּנ שְׁרַייט נֶעבַּאךְ אוֹיף אִיהְר אוּנְגְלִיק. —

„שְׁוַוייג דוּא מִיאוּסְקַייט! שְׁוַוייג! הָאט זִיךְ אָפּ גִירוּפִין פוּילִינֶע (פַּייקֶע), רֶעכְט! גַאנְץ גוּט, מִיר טוּט דָאס הַנָאָה, אַזַא פַּאסְקוּטְסְטְוָוא, אַזַא וְורֶעד, שְׁוַוייג! קַיין פַּארֶע זָאל מֶען פוּן דִיר נִיט הֶערִין, אֶפְשַׁר אִיז דִיר נָאךְ קְנַאפּ, וֶועט מֶען דִיר דֶער לֵיינִין". —

* * *

„וָואס אִיז דָארְטִין פַאר אַ נִיוּואַלְדִין?! וֶוער שְׁרַייט דָאס דָארְטִין אַזוֹי אִין יֶענֶער שְׁטוּב"? הָאט גִיפְרֶעגְט אַיין פְּרִיֶעזְנֶע מַאדַאם, וָואס אִיז נִיט לַאנְג גִיקוּמֶען צוּ פָארִין צוּ נַאכְט אִין דֶער צְוַוייטֶער הוֹיז פוּן שְׁמֶערִיל סוּלְקֶעס.

„דָאס אִיז שׁוֹין בַּיי אוּנְז קַיין נַייעֶס נִיט", הָאט זִיךְ אָפּ גִירוּפִין בְּלוּמֶע טַייבֶע, דִיא ווִירְטִין פוּן הוֹיז, מִיר הֶערִין דָאס אַלֶע וַויילֶע, דָאס רֶעבִינְט זִיךְ אַ שְׁטִיף מוּטֶער מִיט אַיין אוּנְגְלִיקְלִיכֶע יְתוֹמָה, אִיךְ זָאג אַייךְ לִיבֶּע מַאדַאם, אַז

 מיר

מיר האבּין שוין קיין הערצער ניט צו פאר טראגין דעם צער פון דיא מיידיל, טאקי וויא א ווילדע חיה גלומעט זיא זיך איבּער איהר".

„היינט זעהט מען שוין ניט אן אזעלכע מיראנסטווא פון דיא שטיף מוטערס, וואהרשיינליך מוז זיא נאך זיין פון דער אלטער וועלט ביי"א היינטיגע צייטין; ווען עס טרעפט יא איין שלעכטע שטיפמוטער, גיט זיא ארויס איהרע מערדעריי"א אין איין איידעלין געלעגענהייט, אבער שלאגין וויא מיא שלאגט איין הונד, מיט שטעקינס אונ מיט קאצערעס, דאס איז שוין ניט צו הערין אין היינטיגע צייטין". —

„אונ וואס זאגט אויף דעם דער פאטער, וויא קען ער דאס צו זעהן"?

„אט לאזט איהם צוא רוה"! ענטפערט בלומע טייבע „ער מאכט זיך דעם גרויסין כּוס, אונ לייגט זיך שוין שלאפין, פון זיינט וועגין מעג זיא אלעמען אוים שטיקין וויא דיא קעץ".

„ער האט איהר דיא וועדמע גינומען א מיידיל צו א ווייבּיל"?

„ער האט איהר גינומען שוין זייענדיג א ווייבּיל, יענעם מאן האט זיא אויך שיעור פון דער וועלט אום גיבּראכט, אונ אזוי וויא ער האט פון איהר ניט גיקענט דער האלטין, האט ער אפּ גישלאגין מיט איר כּפּרות, זיא איז אן גיקומען צוא שמערלען גאר א גימיין מענש, זיא האט נאך אים גיבּראכט א מיידיל פון אכט יאהר, דאס איז דיא פוילינע וואס איהר האט גיזעהען דארטין אין הויז".

אשי (כּשרציק ד״י)

„אַזוֹי נאַר! דאָס איז ניט זײַנע א טאָכטער״?....

„גיוויס ניט״! האָט גיענטפֿערט בלומע טײַבע, „סך הכל איז גיבליבן פֿון זייער מוטער צוויא קינדער, איינע אָט דיא מאַסקע, וואָס מי האָט יעצט נאַקאָוועט, אונ אַ אינגיל בערקע; מאַסקע איז גיבליבן דרייא יאָהר אַלט פֿון זייער מוטער, אונ בערקע — איז גיוועזן איין פֿערטיל יאָהר אַלט״. —

„שטיפֿמוטער האָט איהר דיא וועדמע גינומען, ווייל זיא האָט זיך אָנגינגעבין אַז זיא האָט אַסך געלד, אונ ווידער האָט זיא אים איין גירעט, אַז אויב ער וועט איהר מיידיל אָט דיא פייקען נעמען אין שטוב אַריין, וועט זיא דער פֿאַר זיין צו זיינע קינדער וויא אַ מאַמע, אונ וועט זייא טייער האַלטין, לסוף אַז זיא האָט שוין מיט אים חופה גיהאַט, האָט זיך אויס גיוויזין, אַז זיא האָט אַ גראָשין ניט דען אפילו דיא עטליכע רובל וואָס זיא האָט יע גיהאַט, האָט זיא אויך אין באַנק אָפ גיגעבין, אַז עס זאָל ליגין פֿאַר איהר מיידיל אויף נדן, זיא האָט אים גינאַרט, פֿאַר צמוטעוועט מיט איהר ברייטע נעמבע, אונ זיא האָט איהר מיידיל אויך אַריין גיבראַכט מיט זיך, אונ גלייך האָט זיא גינומען דיא בולאַווע אין האַנד אַזויא פעסט, אַז זיא האָט עס אויך פֿאַר וואַיעוועט, אונ ער האָט פֿאַר איהר מורא, האָט ער נעבאך גימוזט זאָגין פֿאַרדאָן. זיא מיט איהר טאָכטערל האָבין זיך גינומען גלומען איבער דיא אָרעמע קינדער, דיא קליינע יתומים׳לאַך, אונ זייא האָבין גאַר ניט פֿאַר שפאַנען, וויא ווייט זייא איז שלעכט, דיא טאָכטער איהרע איז דיא פאַנענקע, אונ מאַסקע איז דאָס דיא דינשט, זיא קערט איבער אַלע טאָג בערג, אונ

 קרינט

קריגט נאך קלעפּ אונ סטישאקעס פון דיא טומען אונ פון איהר טאכטעריל. שמערעליכע גיט אזויא ווייט נאך איהר טאכטער, אז זיא ווייס שוין אליין ניט וויא דיא קאפּ צוא האלטין, זיא עסט אונ טרינקט פון דאס שענסטע אונ פון דאס בעסטע, אז זיא פּאטופּעט זיך שוין ניט אין איהר לייב, זיא טונקט קיין מאהל אפילו ניט איין א פינגער אין קאלטע וואסער, מער ווייס זיא ניט, וויא קעבלען זיך טאנצין, שפּרינגען, זינגען, אונ אלע ווייבע אין שפּיגיל זיך איין קוקין, וויא זיא ווערט אלע טאג גרעבער אונ דיקער, איהר, האט איהר מוטער גיגעבין, אי לערנען, אי שרייבין, אונ דיא גאנצע קענשאפט איהרע, קען דאס א קאץ אוועק טראגין אפין עק, מער ניט אין דיא מאדעס איז אריין גיטאן איהר קאפּ. זיא האט גאנץ יענטשאדלער מיידלאך משוגע גימאכט מיט די מאדעס, זיא טוט זיך אן אין דער מאדע, די ערשטע, אונ אף איהר קוקינדיג, ווילין שוין אלע מיידלאך אויך אזא קלייד, עפּעס אשפּאס איז דאס, אזויא נאך צוא געבין .... ; וואס נאר זיא דער הערט, וואס נאר זיא פאר דיינקט, ווערט איהר אלץ דעקאזעט, וואס איז דער וואונדער? אז גוט איז איהר וויא דיא וועלט. געלט האט זיא וויא זיא איז גרויס, אונ באדינען באדינט מען איהר אויך, דיא מיידיל געבאך מאסקע האט פון איהר קיין טאג אונ קיין נאכט ניט, זיא שאפּט זיך מיט איהר, אונ בעצאלט איהר מיט קלעפּ, מיט העצעס מאכין פאר איהר מאמען, אז מיא זאל איהר שלאגין; אונ יענע, אט געבאך בעקומט זיא איהר סילוק. —

„נוא אונ דער קליינער בערקע"? פרעגט ווייטער דיא גאסט.

„יָע, דֶער בֶּערְקֶע אִיז גָאר פַאר פַאלִין גִיוָוארִין אִין דֶער גְרוֹיסֶער וֶועלְט, אַז אָךְ אוּנ וַוייא אִיז עֶם גִיוָועזְן, וְויא עֶר הָאט זִיךְ גִיהָאדֶעוֶועט בַּייא זַיין שְׁטָאךְ מַאמֶען, הֵיינְט הָאדֶעוֶוען זִיךְ בַּייא לַייטִין בֶּעסֶער, אוּנ מִיא בֶּ-הַאנְדֶעלְט זֵייא טְרַייֶער, וְויא מִיא הָאט אִים בֶּעהַאנְדֶעלְט.

וְויא דִי מוּטֶער זַיינֶע אִיז גִישְׁטָארְבִּין, הָאט מֶען אִים אָפּ גִיגֶעבִּין אוֹיף פַּאסֶע צוּא אַ-נְ-אַם, אַזַא מֶערְדֶער וְויא זַיין שְׁטִיף מַאמֶע, זִיא הָאט אוֹיף אִיהְם גָאר נִיט גִיקוּקְט, אַלַיין פְּלֶעגְט זִיא אַרוּם גֵיין גַאנְצֶענֶע טֶעג אִיבֶּער דִיא סַאנְצִין, אוּנ אוֹיךְ אִיבֶּער אַלֶע פְּרֶעמְדֶע הַייזֶער אוּנ עֶם פְּלֶעגְט זִיא לָאזִין אַלַיין אִין שְׁטוּבּ, עֶר פְּלֶעגְט פְּלַאצִין שְׁרַייעֶנְדִיג, אוּנ אַז זִיא פְּלֶעגְט קוּמֶען, פְּלֶעגְט זִיא מַאכֶען פַאר אִים אַ זִינְדֶע אָדֶער אַ סֶעסָאלְקֶע פוּן נְרָאבֶּע רָאזֶעוֶוע בְּרוֹיט מִיט צוּקֶער צוּא קַייטֶע אוּנ אַרַיין לַייגִין אִין אַ טוּךְ אוּנ גֶעבִּין אִיהְם צִיהֶען, נָא שְׁטִיק זִיךְ מִיט דֶעם עֶר פְּלֶעגְט זוֹיגִין אוּנ זוֹיגִין, בִּיז עֶר פְּלֶעגְט זִיךְ אָן צִיהֶען זוּבִּישְׁטֶעס; אֵיין מָאל הָאט זִיא אִים אַרַיין גִישְׁפַּארְט אִין מוֹיל אַזַא טוּךְ, אוּנ אִיז אַוֶועק אִין גַאס, עֶר הָאט אַזוֹי לַאנְג גִיצוֹיגִין, בִּיז עֶר הָאט דִיא טוּךְ אַרַיין גִיצוֹיגִין אִין הַאלְדְז, אוּנ הָאט זִיךְ שִׁיעוּר דֶער וָוארְגְן, צוּם גְלִיק אִיז גְרָאד דַאן אַרַיין אַשְׁכֵנְטֶע לַייעֶן בַּייא אִיהְר אַ פְלַיישִׁיקֶע הָאקְמֶעסֶער צוּא אַ מוּלְטֶער, אַף צוּא מַאכִין לָאקְשִׁין, אִיךְ קֶען אַייךְ נִיט זָאגִין קְלָאר וְויא דִיא מַעֲשֶׂה אִיז גִיוֶוען, אַפָּנִים זִיא הֶערְט דֶער אִינְגֶעל שְׁרַייט מִיט אַ פַּאר שְׁטִיקְטִין קוֹל פוּן וְויגֶעלֶע. זִיא הַאפְּט זִיךְ צוּא, זִיא זֶעהְט דֶער אִינְגִיל הַאלְט דִיא אוֹיגְלַאךְ אוֹיף אַ מָאס, אוּנ דִיא טוּךְ לִיגְט אִים טִיף אִין הַאלְדְז אוּנ עֶר וֶוערְקְט זִיךְ, קוֹים וָואס זִיא הָאט דֶעם אִינְגִיל אָפּ גִיצוֹיבֶעט".

„וָואס דֶען מַיינְט אִיהְר לִיבֶּע פְרַיינְד? „זָאגְט דִיא נַאסְט"
אַז דִיא קְלֵיין שְׁטֶעטֶעלְדִיגֶע אַמֶען זָאל זַייא צוּא קֵיין גְנַאי נִיט
זַיין, בַּאגַייעֶן זִיךְ אַזוֹי שְׁטֶענְדִיג מִיט דִיא עוֹף'לַאךְ, וָואס זַייא
נֶעמֶען צוּ הָאדֶעוֶוען פוּן דִיא גְרוֹיסֶע שְׁטֶעט. זַייא גִיבִּין זִיךְ אָן
גְלַייךְ אַז זַייא זַיינֶען נִיט לַאנְג אוֹיף גִישְׁטַאנֶען פוּן קִינְפֶּעט, אוּנ
זַייעֶר קִינְד אִיז אָוֶועק גִיקוּמֶען, עַל כֵּן קוּמֶען זַייא קֵיין לִיפָּאוֶוע
נֶעמֶען אַ קִינְד, דִיא מֶעקְלֶערְקֶע זָאגְט עֵדוּת, אַז זִיא קֶען
אִיהְר, אוּנ עֶיים קְלָאר אַז עֶס אִיז פְרִישֶׁע מִילְךְ, אוּנ זִיא הָאט
אַלֵיין נָאךְ גִיפְרֶעגְט בַּייא יֶענֶע שְׁטֶעטִילְשֶׁע ווַייבֶּער, אוּנ זִיא
הָאט דֶער גַאנְצֶען דִיא מַעֲשֶׂה אוֹיף קְלָאר. נָאר זַייא זַיינֶען
אַלֶע קִיסְלֶער, בֶּעטְרִינֶער, דֶען אִין אֶמֶת'ן הָאט זִיא שׁוֹין אִין
דֶער הֵיים אוֹיס גִיזוֹיגֶען אַבַּייבַּאק פוּן צְווייא יָאהְר, אוּנ אַלֵיין אִיז
זִיא שׁוֹין אֶפְשַׁר אוֹיךְ אַ פַּאר נוּמֶענֶע, אוּנ זִיא קוּמְט אִין
שְׁטָאט מַאכֶין אַזָא מַאשֶׁענְסְטְווָא, דָאס נֶעמֶען זַייא דָאךְ אוֹיף
זִיךְ נְפָשׁוֹת?....

– אֲפִילוּ דִיא רַייכֶע פְרוֹיעֶן פוּן לִיפָּאוֶוע, טְרוֹיעֶן זִיךְ נִיט
אַיין וָואס דִיא אַם זָאגְט, אוּנ וָואס דִיא מֶעקְלֶערְקֶע עֶנְטְפֶערְט
בַּאם, זַייא גִיבִּין אִיהְר נִיט דֶעם קִינְד, וואוּ זַייא גַייעֶן נִיט אַרַיין
צוּא אַדָאקְטֶער אָפּ פְּרוּבִּירִין דִיא מִילְךְ, אָבֶּער דִיא גִימֵיינֶע
גֶעבַּאךְ, וָואס זַיינֶען אַלֵיין גָאר קְרֶענְקְלִיכֶע, נַאס ווַייבֶּער, וָואס
דֶער נוֹיט דְרִיקְט זַיי גַיין אִין נַאס פַּר דִינֶען, אוּנ דָא לִיגְט אַ-נְ-עוֹפֶּעלֶע
אוּנ הוּנְגֶערְט, אִיז דָאךְ טַאקִי דֶער צַער זַייעֶר גְרוֹיס, אִיז זִיא
צוּפְרִידֶען אַז עֶס מַאכְט זִיךְ אִיהְר אַיין אַם, נָאר פָּטוּר צוּא וֶוערִין
וָואס גִיכֶער פוּן דֶעם הָמֶן — אָבֶּער וָואס אִיז דֶער פוּן דֶער
סוֹף? .... דִיא אַלְטֶע מִילְךְ פַאר שַׁאדֶעט דֶעם קִינְד, אוּנ עֶר
וֶוערְט דֶער פוּן אוֹיס גִישְׁלָאגֶען אִין פַּרְעֹה'ס צָרַעַת, אוּנ בֶּעקוּמְט
דֶער צוּא אַ קְרַאנְקֶע בּוֹיךְ, אוּנ קוּמְט אוּם פוּן דֶער וֶועלְט,

אט פטרט ער אף ניך זיינע זיבעציג יאהר. דיא אמע שרייבט בריוולאך, אונ בעט געלד, צוקער, באצקעס, גרייפלאך, העמדלאך, פאסצעלקעס, זייף, דאס קינד עסט שוין, ער טרינקט שוין, אונ דער קינד וויים אזויא פון דיא באצקעס, אזוי וויא דיא באצקעס ווייסין פון אים...

„נאר קיין כלל איז דאס ניט, זאגט ווייטער בלומע טייבע", עס טרעפט ווידער פאר קערט אויך, אז א קליינשטעטילשע אם, נעמט א ליפאווער קינד, אונ טאקי מיט פרישע מילך, זיא האלט אים בעסער וויא איהר אייגענע א קינד, ער האט גינוג צוא זויגין, אונ זיא פירט אים ריין, ציכטיג, זיא האט פון איהם קיין טאג אונ קיין נאכט ניט, זיא פאר זעהט איבער דעם קינד איהרע אייגענע קינדער, אבער די געלד איז נעבעך אזעלכע יונגע, אזעלכע שלעכטע, אז קוים זיא דער לעבט צוא זעהן אגראשין אין דיא אויגין, עס גייט אוועק דרייא חדשים, איידער זיא דער האלט אפ צוא נעמען פאר איינעם, — אט בייא אונז אפי׳ הויף, איז פאראן אגימיינע שוסטערקע, א גאנץ ערליכע אידענע, האלט זיא א ליפאווער אינגיל, מיילע וואלט איהר זעהן, אן עין הרע שר-א-אינגיל, קיין בייז אויג זאל איהם ניט בייסען, וויא ער הערט ניט אזויא זאל אים ניט שאדין, א אינגיל וויא א מאפס, וויא טייער, וויא ערליך, זיא האלט דעם אינגיל, פיל בעסער וויא א מאמע — ער האט א׳ עין הרע גינוג צוא זויגין, אונ גוטע פאלענגאציע, מיא לאזט איהם זיך ניט איבער שרייען, אונ זיא האלט אים אזויא ציכטיג, זיא איז טאקי אגרויסע צוכט, וואלט איהר אבער זעהען ליבע אידענע, ליבע מוטעריל, וואסערע שלעכטע געלד!.... עס קומט איהר אן מיט גרינע ווערים, מיט בלוטשפייענעס, איידער זיא בעקומט א רוביל, עס קאסט איהר אפ בריוולעך שרייבין, דעם בעל עגלה פארין

נאַנג, קאַם אַיין מאָל אין צעהען וואָכין, בעקומט זיא אַ רובּיל, איצט קומט איהר שוין פאַר דרייא חדשים, אונ עס איז אַין קול ואין עונה; מיילע וואס זאָל איך אַייך דאַ פיל ברייען···· זיא האָט שוין גיוועסט גינומען דעם אינגיל, אונ גיוואָלט איהם אָפּ פירין, איז וויא נאַר איהרע קינדער האָבין דער זעהען, אַז זיא וויל זיך צוא קלייבּין זעצין אַפּין פוהר אונ אַוועק פירין דעם אינגיל, אַזויא האָבען זייא גינומען וויינען, שרייען, וויציטאַען, גלייך אַזוי וויא מיא וואלט וועלין אַוועק נעמען זייערין אַיין ברודעריל, זייא האָבין איהם שרעקליך ליב נון איז גיבּליבּין ניט גיפאָרין. —

„וואס דאַרפט איהר בעסער ליבּע בּלומע טייבּע! ? שטייט וואַרט פאַר ציהט איך וועל אַייך פאַר ציילען אַ בעסערע נאָך: בּייא אונז איז פאַראַן אַיין אָרעמע באַנדערקע, וואס האָט אויך גיהאלטין פון ליפּאָוועא קינד, קורץ דער פון, זיין פאָטער אונ מוטער האָבין זיך צוא גט, אונ עס איז ניט גיוועזן בּייא וועמען צוא מאָנען אַם געלד, דער פאָטער האָט זיך זאָגט מען גלייך אַוועק גילאָזין אין מאכבכים (מרחקים), אונ דיא מוטער האָט זיך נאָר אָפּ גיוואָרפען פון דעם קינד, דער קיצור עס איז ניטא בּייא וועמען צוא מאָנען אונ זיא האָט גימוזט נעמען דעם קינד צוא ריק אַהיים אונ לאָזין אים אין ליפּאָוועא אין גאַס, האָט זיא קיין האַרץ ניט גיהאט, ער איז איהר שוין גיוועזן אַיינגיבאַקין אין האַרצין, ער איז שוין דאן אַ אינגיל פון 3 יאָהר גיוועזן, דאהער האָט זיא אים גיבּראַכט צוא ריק אַהיים, אונ האָט איהם שוין גיהאלטין ווייטער, אונ האָבין איהם שוין גירעכינט פאַר אַ אַיינענעם זאָהן, ווייל קיין קינדער האָבען זיי ניט גיהאט, זייערע קינדער זיינען לא לנו צוא שטאַרבּין קליינינקע, האָבין זייא אים גינומען, ער זאָל זיין זייער קדיש, דער אָרעמער באַנדער

אונ דיא באנדערקע, האבּין איהם גיהאלטין גאנץ טייער, אונ האבּין איהם זייער לעצטין ביסין פון מויל אוועק גיגעבּין, צוא אלעם סוף אז ער האט זיך אויס גיהאדעוועט, אונ איז שוין גיווארין א גרויסער בחור'עץ, איז דאס גיווארין אזא מין שארלאטאן אזא מין יונגאץ, ער פלעגט זייא זידלען, שילטין, זיך האפין צוא זייא שלאגין, אונ צום סוף איז ער גיווארין א זוליק. —

נוא זאגט אלײן ליבע אידענע, איז דאס ניט היילע מזל אלץ ווען עס איז באשערט וואו אריין צו פאלין. —

„נוא אונ וואס איז גיווארין די ענדע מיט דעם בערקען"? פרעגט ווייטער דיא גאסט.

„יע! בערקע" דער ציילט ווייטער בלומע טייבע איז אויך גוט ארויס גיצופט גיווארין, נאך דעם וויא מי האט איהם אפ גיבראכט פון דער אם, מען האט איהם גיהאלטין ערגער וויא א בהמה, מי האט אויף איהם גאר ניט גיקוקט, מי פלעגט איהם אנידער זעצין אונטערין אויבין אין א ווינקעלע אין דער פינשטערניס, ער פלעגט דארטין גישוואלין ווערין זיצינדיג, ער פלעגט דארטין זיך שמוצין אונ אז מי פלעגט זיך ארום זעהען, פלעגט ער קריגין פון דער שטיף מוטער, אונ פון איהר כל בוניצע קלעפ אונ פעטש אפין שאק, עסין פלעגט מען איהם צוא ווארפין פון דיא גיבליבענע פון טיש, פון דיא אויס גיסקראבעטע, אויס גישאבענע טעלער. דיא הערציל איז איהם געבאך גיוועהן פאר דארט פאר שמאכט, פאר נודזעט, אונ אלס ער פלעגט דער זעהען ווער עס עסט הערינג, פלעגט ער אויס שטעלין זיינע דארע הענטלאך, אונ פלעגט בעטין „עקע! עקע"! (אזויא פלעגט ער אן רופין הערינג) מי פלעגט זעהען פשוט, אז דיא שמאך גייט איהם פון מויל, פלעגט מען איהם א מאל צוא ווארפין א קאפ,

אַ שְׁצָאקֶע, פון אַ הֶערִינְג, אונ עֶר פְּלֶעגְט דָאס צוא חַאפְּין מִיט בֵּיידֶע הֶענְטְלַאךְ, אונ אויס שְׁמָאקְצֶען אֲפִילוּ דִיא בֵּיינְדְלַאךְ נָאךְ דֶעם פְּלֶעגְט דָאךְ אִים נֶעמֶען דֶערְשְׁטִין א טְרונְק, פְּלֶעגְט מֶען אִים דֶער לַאנְגֶען אַ קֶענְדִיל מִיט קַאלְטֶע וַואסֶער, עֶר פְּלֶעגְט אויס טְרִינְקֶען, אונ פְּלֶעגְט וֶוערִין אויס גִיפּוּיסְט וִויא אַ פַּאס, אונ הָאט דֶער פון גִיקְרָאגִין אַלוּיז בּויךְ, בִּיז עֶר אִיז דֶער פון אַרָאפּ פון דִיא פִּיס, אונ הָאט נִיט גִיקֶענְט אָן הוּיבִּין אַרוּם צוּ גֵיין, אונ אִיז גִיבְּלִיבִּין אַ סֶערוֹן, הַכְּלָל עֶר אִיז גִיוֶוען אַגִירֶעטֶעגֶעס מִיט אַלֶע מַעֲלוֹת, א גְרוֹיסֶער בּויךְ, דַאר אונ מָאגֶער וִויא אַשְׁפָּאן, אָן אַלוּיט פְלֵייש, דִיא הוּיט אִיז אויף אִים גִיהַאנְגֶען וִויא טָארְבֶּעס, עֶר פְּלֶעגְט עֶטְלִיכֶע מָאל אִין טָאג אַרָאפּ פַאלִין פון זַיין סֶעדֶעלֶע, אונ פְּלֶעגְט זִיךְ צוּ קְוַואשֶען דִיא קָאפּ, אונ צוא מוּרְשְׁצֶען זַיינֶע בֵּיינֶער, בִּיז וַואנֶען עֶר הָאט בֶּעקוּמֶען אַ רִיפּ קוּכִין, דִיא טוּמֶע דִיא וֶועדְמֶע, פְּלֶעגְט אַלְץ שְׁרַייעֶן, גִיוַואלְד! וִויא וֶוערְט זִיא שׁוֹין פָּטוּר אָט פון דֶעם הוֹיקֶער, אָבֶּער אַף צָרוֹת הָאדֶעוֶועט זִיךְ אָזֶעלְכֶער אויס, אַז עֶר הָאט שׁוֹין יֶע אָנְגִיהוּיבִּין צוא שְׁטֶעלִין אַ פוּס, הָאט עֶר גִינוּמֶען פוּידֶוען אִיבֶּער דֶער עֶרְד מִיט אַלֶע פִּיר, מִיט אֵיין פוּס פַאר דְרַייט אוּנְטֶערִין בּויךְ, אונ פְּלֶעגְט זִיךְ אַזוֹיא שַׁארִין אִיבֶּער דִיא בְּלָאטִיגֶע עֶרְד וִויא אַ צֶערֶעפַּאכֶע אונ פְּלֶעגְט מִיטִין הֶעמְדִיל אויס שְׁמִירִין גָאר דִיא בְּלָאטֶע פון שֵׁיינְק שְׁטוּבּ, עֶר פְּלֶעגְט זִיךְ גִיפִינְגֶען אוּנְטֶער אַלֶעמֶענְס פִּיס, אוּנְטֶער אַלֶע בֵּיינְק, אוּנְטֶער אַלֶע טִישִׁין, אונ נִיט אֵיין מָאל הָאט מֶען אִים אָפּ גִיטְרָאטִין זַיינֶע פִינְגֶער. אִין שֵׁיינְק אִיז אִין אַ מַארְק טָאג גִידִיכְט פון נַארָאד, דִיא טִיר אִיז אָפִין, קַאלְט, נַאס, אונ בְּלָאטִיג, אַ רויךְ בִּיז דֶער עֶרְד פון דִיא סַאבָארְקֶע, וָואס דִיא פוֹיעֶרִים הָאבִּין גִירוֹיכֶערְט, אונ עֶר פְּלֶעגְט

(בערציק ד"י) זיך

זיך ארום שלעפין מיט זיין־לאנג העמד איבערין פלאטע, אונ די העמד וואר איינגיפאצקעט, איינגיגראזעט ביזין האלדז, אז מען האט גיקענט אראפ נעמען פון איר א גאנצין וואגין מישט ער פלעגט זיין שטענדיג פאר הונגערט אונ פון רחמנות וועגין אלס ער האט שוין גיקענט ארום גיין אין דרויסין, פלעגט מען אים ביי אונז, זאגט פלומע טייבע, אריין נעמען, אונ אים געבין עסין, גלייך מיט אונזערע קינדער, מי פלעגט זעהען פראקט אז דער אינגיל שלינגט מיט די אויגין דאס עסין, אונ פלעגט אויף קלייבין די אראפ גיפאלענע ברעקלאך, עפעס אזא מין דערענעס, אזא מין קווארינעס איז גיוועזן צוא זעהען אף דעם אינגיל, זאל דאס גאר ניט טרעפין, די לייב האט זיך ביי אים דורך גילויכטין וויא א לינטערנע (פאנאר), אונ זיינע ביינער איז גיוועזן איבער צוא ציילין, אונ אז ער איז אלט גיווארין א יאהר צוועלף, האט אים איין מאל די מרשעת אזויא לאנג גיפייניגט, אונ האט אים ארוים גיטריבין, וואו ער איז אהין גיקומען ווייס מען ניט, מי זאגט גלייך, אז ער האט זיך גימוזט אוועק שלעפין מיט ארעמע לייט״ —.

ביי דיזע ווערטער האט זיך פלומע טייבע מיט די גאסט זייער פאנאנדער גיוויינט, אז אך אונ וויי איז נעבאך צוא זייא, אונ צוא זייער מאמען, וואס דארף אליין נעבאך ליגין א יונגע אין דער ערד, אונ אזא טיראן גלומעט זיך איבער ארעמע יתומים...

---

# 4.

## דער לעהרער באקהארין.

פייקע צוויבאק, איז גיוועז שטארק אין דער דעה אז דער לעהרער מאקס באקהארין ליבט איהר שטערבליך, אונ וועט איהר נעמען פאר א כלה, זיא האט אויף איהם פאר בראכט אונ פאר צערט שטיקער געלד, אונ האט בדלות גישטעלט שמערילס גישעפט, זיא האט זיך פערשאפט וואס איהר הארץ האט גילוסט, בעט גינואנד, קליידער אונ צירונג, וויא דיא גרעפין, הכלל דיא מאמע האט איר פאר זארגט מיט אלעם גוטין, שמעריל האט ניט גיקענט פערשטיין, פון וואנענד דער דלות שמעקט אים, צוואר פרנסה האט ער גיהאט פיינע, אונ ער איז שטענדיג גיבליבין הינטער שטעליג אין זיינע פינאנסין, דען זיין ווערמע האט אים אזויא ווייט פאר וואיעוועט; אז ער האט ניט גיוואוסט וואס עס טוט זיך אין שטוב, ער פלעגט מער ניט מאכין בגנבה א שנאפס, אונ פלעגט אוועק גיין פון שטוב, אדער זיך לייגין שלאפין, אונ אזויא זיינען אוועק שיינע עטליכע יאהר. —

# 5.

## דער פרייליכער בריף.

אין איין אבינד, אלס בלומע טייבע מיט איהר מאן לייבע, זיינען גיזעסין ביא טהייא טרינקען, האט זיך גיעפינט

דיא טיר, אונ עס גייט אריין דער ראזנאסציק פון פאסט, אונ גיט איבער זייא א בריף פון אויסלאנד, לייבע עפינט אויף דעם בריף, אונ לייענט דיזע ווערטער:

„הערדין לעווי ריינהערץ! עס פרויא בלומע טייבע זאלין לעבין!

ליבע פריינד! אייך האלט איך פאר מיינע בעסטע פריינד, וועלכע האבין שטענדיג וועגין מיר בעדויערט. עס ליגט מיר נאך אין מאגין דיא שפייז, וואס איהר פלעגט מיר געבין עסין, בעת איך בין נאך אלס קינד גיוועזן בייא מיין שטיף מוטער אין דיא הענד, איך גידיינק, וויא איך פלעג פון הונגער מיינע פיס ניט קענען שלעפין, אונ איהר פלעגט מיר בגנבה אריין נעמען צוא אייך אין שטוב, אונ פלעגט מיר געבין עסין אונ טרינקען, אונ פלעגט מיר מיין שוואכע הארץ דער קוויקין.

נון דאן האב איך קיין פערשטאנד ניט גיהאט אייך אפ צוא דאנקען, יעצט אבער, אז איך בין שוין ארעכטער מענש גיוואָרין, קום איך אייך זייער הערצליך צוא דאנקען, אונ עטוואס אין קורצין צוא בעשרייבען מיין ביאגראפיע, וואס מיט מיר האט פאסירט צייט איך בין פאר טריבין גיווארען פון מיין פאטערס הויז: איך בין דאן אנגיקומען קיין ליפאווע צוא פוס, אונ קומענדיג אין שטאט האב איך זיך ניט גיהאט וואו אהין צוא טאן, קיין גראשין געלד האב איך גיט גיהאט, קיין קרוב קיין גואל אויך ניט, איך האב זיך גינוג נעכט א גינעכטיגט אויף טרעפ, אין פוסטע קעלערין, אונ אויף בוידימער, נאר דער פאטער פון אלע יתומים, האט מיט זיין השגחה פאר מיר אויך פאר זארגט, דען אין דער צייט וואס איך בין ארום גיגאנגען אין

ליפּאָווער גאַסען פּאַר הונגערט, דאָס איז גראַד גיוועזן אין דער
צייט וואָס אין ליפּאָוועה האָבין גידאַרפט זיין גרויסע ירידין (יאָהר
מאַרקין), וועלכע שטייען אָפּ 3 מאָנאַטין, אונ דאַן קען מען קריגין
ביי די קויפלייטע וואָס קומען פון אַנדערע מקומות אַ שטעלע פאַר
אַ מאַלציק, צוא שאַפין זיך אין פאַר שיידענע גיינג, איך בין
אַריין אין אַ שניט גישעפט, אונ האָב זיך גיבעטין מען זאָל
מיר נעמען איבער דער צייט פון יאָהר מאַרק אין גישעפט פאַר
אַ בורש, זייא האָבין אויף מיר מיטלייד גיהאַט, אונ דער
קויפמאַן פון גישעפט איז גיוועזן זייער אַ גוטער העֶר ער האָט אָן
גימערקט אַז איך בין איין ערליך קינד, אונ וויל פאַר דינגען מיין
לעבענס מיטיל, איך האָב בייא איהם נאָר אָפּ גילעבט, איך
האָב שוין גיהאַט וואָס צוא עסין, אונ וואו צוא שלאָפין, אונ
נאָך העֶר האָט ער מיר מיט גינומען נאָך אויסלאַנד, וואו איך
בין בייא איהם אָפּ גיוועזן אַ פּאָר יאָהר, אונ האָב אויף גיקליבין
אַ קליינעם קאַפּיטאַל, איך זאָל האָבען מיט וואָס אָן צוא קומען
קיין לאָנדאָן. — אין לאָנדאָן האָב איך גינומען האַנדלען מיט
גינייצטע קליידער, אונ נאָך דעם האָב איך גימאַכט אַ מאַגאַזין
פון נייא, איך בין פון דעם רייך גיוואָרין, איך פאַר מאָג שוין
אַ שיינעם קאַפּיטאַל, אונ מיין פירמע איז בערופין אין לאָנדאָן
אַלזאָ, צוא אייער גרויסין פּערגעניגען, קום איך עס אייך מיט
צוא טהיילען, אונ פּערלאַנג ווידער פון אייך, אַז איהר זאָלט
מיר שרייבען, וואָס מאַכט מיין פּאַטער, צוואַר ער האָט מיר
שלעכט בעהאַנדעלט, אָבער דאָך איז ער אַ פּאַטער, אונ
ווידער וואָס מאַכט מיין שוועסטער מאַשע, צו לעבט זיא? זאָגט
איר אַז זיא זאָל ניט זאָרגין, איך וועל פאַר איר אַלעם פּערזאָרגען.
שרייבט מיר אָפּ איין אַנטוואָרט, אויב מיין שוועסטער מאַשינקע
איז אַלעבעדיגע ארויס פון דיא טיראַנישע הענד, וועל איך
פּאַר

פּאר איהר אויף אײַער אַדרעסע שיקען 300 פונט שטערלינג, איהר זאָלט דאס אָפּ לייגען אין באַנק פאר איהר אויף נאָמען, אײַער בעסטער פרײַנד, װאָס װאַרט אויף אײַער אַנטוואָרט.
בער לאַסמאַן.

ליבע און בלומע טײַבע זײַנען העכסט דער פרייט געוואָרען, און האָבען גלײַך אַרײַן גירופען מאשקען און געוויזען דעם בריף, מאשקע האט זיך מיט טרערען בעגאָסען פון גרוים פרײַד, און ליבע מיט בלומע טײַבען האָבען זיך גינומען גלײַך צו ענפערען בערציקען אויף זײַן בריף; זיי האָבען אים געשריבען: אַז מאשקע לעבט, און דאַנקט אים פאר זײַן גוט הערץ; און װעגען זײַן פאָטער איז ער שוין ניט דער שמעריל, ער איז שוין אַרעם, ער איז שוין קראַנק און ער האט אין שטוב אַזאַ דײַעה וויא די קאַץ, דאהער װען ער װעט אים אַפילו װעלען אין פיל פאר העלפען, װעט ער אויך װײניג פון דעם גיניסען, דען לײַט וואונדערען זיך אויך אויף דעם וויא קומט דאס אַז ער זאָל אַזויא אַרונטער פאַלען פון טראָפּ, דען פּרנסה האט ער שטענדיג גיהאט און קיינער װייס ניט וואו עס קומט אַהין זײַן פּראָפיט. —

נון איז דער בעסטער פּלאַן, שרייבט איהם ליב ריינהערץ, אַז ער זאָל אַלײן אַראָפּ קומען פון לאָנדאָן אויף אײַניגע צײַט, און זײַענדיג דער בײַא, װעט ער שוין דער זײַן די אורזאַכע פון זײַן פאָטערס אונטער גאַנג.

בער לאַססמאַן, האט דעם בריף ערהאַלטען, און האט זייער גיװײנט אויף דעם אונגליק פון זײַן פאָטער, ער האט אַן גינומען פאר אַ קלוגען פּלאַן דעם פּראָיעקט, וואָס ליבע האט איהם געשריבען, דאס אַז ער זאָל אַלײן קומען קין יענטשאדלע, צו מאַכען אײַן אָרדענונג בײַא זײַן פאָטער אין שטוב. ער האט

זִיךְ גִימַאכְט רֵייזֶע פֶּערְטִיג, אוּנ אִיז אִין אֵיינִיגֶע וָואכֶען אַרוּם אַלַיין גִיקוּמֶען קַיין יֶענְטְשׁאדְלֶע, עֶר אִיז פַאר פָּארִין צוּא לַייבֶּע רֵיינְהֶערְץ. עֶס אִיז גִיוָוארִין אַ גְרוֹיסֶע שִׂמְחָה אוֹיף זֵייא אַלֶעמֶען זֵייא הָאבֶּען אִיהְם נָאר נִיט דֶער קֶענְט פוּן אָנְפַאנְג, עֶר הָאט אַרַיין פְּארִינְגְדִיג גִיבֶּעטִין אַ בֶּעזוּנְדֶער צִימֶער, וואוּ עֶר הָאט זִיךְ פָּארְהֶער גִילָאזְט דֶער קֶענֶען צוּ לַייבִּין אוּנ צוּא בְּלוּמֶע טַייבֶּען, אוּנ הָאט גִיבֶּעטִין אַז אוֹיסֶער זֵייא בֵּיידֶע מִיט זַיין שְׁוֶועסְטֶער מַאשְׁקֶען, זָאל קֵיינֶער אִין שְׁטָאט נִיט וִויסִין וֶוער עֶר אִיז.

מַאשְׁקֶען הָאט מֶען אָן גִיזָאגְט אַז אִיהְר בְּרוּדֶער בֶּערְצִיק אִיז גִיקוּמֶען, זִיא אִיז אַרַיין גִילָאפִין מִיט אַקְוַואל טְרֶערִין אִין דִיא אוֹיגִין אַהִין אִין צִימֶער, וואוּ עֶר אִיז גִיזֶעסִין, אוּנ זֵייא זַיינֶען בֵּיידֶע אַרוֹיף גִיפַאלִין אֵיינֶע אוֹיף דִיא אַנְדֶערֶע אוֹיף דִיא הֶעלְדְזֶער, אוּנ הָאבִּין זִיךְ שְׁטַארְק פַארְגַאנְדֶער גִיוַויינְט זֵייא הָאבִּין זִיךְ גִיקוּשְׁט אוּנ גִיהַאלְדְזְט אוּנ גִיוַויינְט. —

„זָארְג נִיט מַיין לִיבֶּע שְׁוֶועסְטֶער"! זָאגְט בֶּערְר, „אַ הָאפוּנְג אַז עֶס אִיז גִיקוּמֶען שׁוֹין דִיא צַייט, וָואס זָאל נֶעמֶען אַ-נְ-עֶק צוּא דַיינֶע צָרוֹת". —

— אִיךְ קֶען נִיט בֶּעשְׁלִיסִין בַּייא זִיךְ לִיבֶּע שְׁוֶועסְטֶער, אַז אִיךְ זָאל פוּן אוּנְזֶער פָאטֶער פַאר הוֹילֶען דֶעם פֶערְגֶעגִינְגֶען פוּן מַיין קוּמֶען, הָאט גִיזָאגְט בֶּער, אִיךְ פֶערְלַאנְג זִיךְ צוּא זֶעהֶן מִיטִין פָאטֶער, עֶר זָאל זִיךְ בֶּעמִיהֶען אַהֶער צוּא אוּנְז אִין צִימֶער קוּמֶען, אוּנ דָא וֶועל אִיךְ זִיךְ לָאזִין צוּא אִיהְם דֶער קֶענֶען. —

מַאשְׁקֶע אִיז אַרַיין גִיגַאנְגֶען אִין שְׁטוּבּ, אוּנ הָאט גִימֶעלְדֶעט דֶעם פָאטֶער אַז אֵיינֶער אַ גַאסְט, וָואס שְׁטֵייט אַיין בַּייא לַייבֶּע בְּלוּמֶע טַייבֶּעס, פֶערְלַאנְגְט זִיךְ מִיט אִיהְם צוּא זֶעהֶען.

שְׁמֶערִיל הָאט אָן גִיטָאן זַיין אוֹיבֶּער בֶּגֶד אוּנ הָאט אַיין

 שמעק

שְׁמֶעק גִיטָאן טַאבַּאק אוּנ אִיז אַרַיין צוּא לַייבִּין אִין שְׁטוּבּ, אוּנ נָאךְ דֶעם מִיט מַאשְׁקֶען גְלַייךְ אַרַיין אִין צִימֶער, וואוּ עֶס גִיפִינְט זִיךְ דֶער נַאכְּט. —

„גוּט מָארְגִין" זָאגְט שְׁמֶערִיל אַרַיין גֵייעֶנְדִיג!

„אַ גוּט יָאהְר"! עֶנְטְפֶערְט אִיהְם דֶער נַאכְּט אוּנ שְׁטֶעלְט זִיךְ אַנִידֶער פַאר אִים.

שְׁמֶערִיל גֵייט צוּא צוּא אִיהְם נֶעהֶענְטֶער, אוּנ מִיט עֶהְרֶע גִיפִיהְל גִיט עֶר אִיהְם שָׁלוֹם.

בֶּעהר ווִיא עֶר הָאט דֶער זֶעהְן זַיין פְאטֶער הָאט עֶר אִים כִּמְעַט נִיט דֶער קֶענְט, עֶר הָאט זִיךְ אִין דִיא עֶטְלִיכֶע יָאהְר זֵייעֶר פַאר עֶלְטֶערְט, אוּנ הָאט אוֹיס גִיזֶעהֶען גְרִין אוּנ גֶעל, ווייל עֶר אִיז גִיוֶועֶן נִיט אִין גַאנְצִין גִיזוּנְד, בֶּער הָאט זִיךְ אַרוֹיף גִיוָוארְפִין אוֹיף זַיין הַאלְדְז אוּנ הָאט גִינוּמֶען שְׁטַארְק וַויינֶען, אָה פְאטֶער! הָאט עֶר אוֹיס גִישְׁרִיעֶן וָואס מַאכְסְטוּ אִין גִיזוּנְד? ווִיא לֶעבְּסְטוּ?....

שְׁמֶערִיל אִיז עֶרְשְׁטוֹינְט גִיוָוארִין הֶערִינְדִיג פוּן אַזוֹיא אַיין פֶערְפוּצְטִין רַייכִין הֶערִין רוּפִינְדִיג אִים פָאטֶער, עֶר הָאט אָן גִיפַאנְגֶען אוֹיךְ צוּא וַויינֶען, אַךְ מַיין בֶּערֶעלֶע! מַיין טְהַייעֶרֶער בֶּערֶעלֶע! אִיךְ הָאבּ דִיר שְׁלֶעכְט בּאהַאנְדִילְט, אִיךְ בִּין נִיט וֶוערְט אֲפִילוּ דֶעם נָאמֶען מִיר צוּא רוּפִין פָאטֶער, אִיךְ בִּין גִיוֶועֶן אַ מֶערְדֶער אַ טִירַאן.

הֶער אוֹיף לִיבֶּער פָאטֶער צוּ דֶער מָאנֶען דִי פֶערְגַאנְגֶענְהַייט, לָאמִיר בֶּעסְער זֶעהֶען צוּא פֶערְהַאפִּין אוּנ פֶערְזָארְגִין, וָואס מִיר קֶענֶען נָאךְ פֶערְרִיכְטִין. נָאךְ מַיין מַיינוּנְג וַואקְסְט דַיין נַאנְצֶער אוּנְגְלִיק פוּן דַיין וַוייבּ מִיט דַיין שְׁטִיף טָאכְטֶער, זַייא טוּזִין בֵּיידֶע הָאבִּין גוּטֶע קְנִיפֶּעלַאךְ בֶּעהַאלְטִינֶע פוּן דִיר, דֶען דִיא וֶועלְט זָאגְט אַז פַּרְנָסָה הָאט אִיהְר שְׁטֶענְדִיג גִיהַאט, אִיז בַּייא מִיר גִיווּיס אַז דֶער נַאנְצֶער פְּרָאפִּיט פוּן דַיין שֵׁיינְק, אִיז גִיבְּלִיבִּין בַּייא

זייא, איך מוז דא זעהען צוא מאכין א טאלק, אונ דער גיין פון נוואנע עס וואקסט ביא איך דער דלות. — איך וועל נעמען פאליציע מיט אונ מאכין א אביסק אין זייערע קאמאדין, אונ גיפינען זייערע קגיפעלאך.

# 6.

## דער אבאיסק.

אין אווינט זעהט מען, וויא בעהר גייט מיט פאליציע צוא שמעריל שולקעס, מען האט גימיינט אז דאס איז איין אקציזניק, אונ ער גייט מאכין דארטין א פראטאקאל, אביין גייענדיג אהין, האט שמעריל צוקלוימערסט אראפ גיחאפט די היטיל, אונ שמערעליכע האט זיך זייער דער שראקין זיא האט שיר דעם קנופ אן גיווארין; דער פריסטאוו האט גיבעטין די שליסלען פון דיא קאמאדין, פון דיא אלמערס, פון דיא קליישין, אונ מי עפינט אויף פייקעס קאמאד, אויסער דיא גרויס ארטיגע וועש וואס עס איז גיוועזן פערפאקט דער קאמאד מיט אלעם גוטין, האט מען גיפונען אין א פאטאיעמניק באנק בילעטין אויף 5000 רוביל; אין קלייט האט מען גיפונען אין א פערשלאסענעם קופערט פיל צירונג, מיט גאלד אונ זילבער, וויא לייכטער, לעפיל, הארבאטניצעס, צוקערניצעס, בעכערס, גאלדענע זייגערס, וועלכע פייקע האט גיהאלטין פאר זיך מיט איהר התן, אין סולקעס בעט גיוואנט האט מען גיפונען ווידער 4000 רוביל מזומנים, חוץ חפצים אין פערשיידענע ערטער. —

„אט פאר שטייט מען שוין פון וואנען דער העבט שטינקט"!

האט בער אוים גישריען. ניט נינוג וואס אזא מערדער איז אן גיקומען אויף אונזער טוטערס נוטץ, אונד האט צוא טריבין צוא יאגט איהרע קינדער, האט זיא נאך דעם אלטין פאטער אזויא נייט אונגליקליך נימאכט, און האט אן גינגבעט אזויא פיל געלד, פאר זיך מיט איהר טאכטער,

שמעריל מיט בערלען האבין צוא גינומען דיא בילעטין, דיא געלד, מיט דיא צירונג צו זאמען, און שמעריל האט נאך דעם גיזאגט אז ער וויל איהר ניט קענען, ער האט גלייך פאר רופין איהר צום ראבינער, און האט איר דארטין גילאזט שרייבין א גט, ער האט איהר אפ גינעבין איהר כתובה נאך מיט א פאר הונדערטער א הוספה, דאס גלייבין איר טאכטער פייען האט ער פון רחמנות וועגין גינעבין פון דיא געלד 300 רובל אויף נדן, און גינעבין זייא ביידין אין קראגין פון זיין הויז.

מאקס באקהארין האט פאר דעם אויך אוים גילאכט פון דעם, וואס פייקע האט זיך גיהאצילט אז ער וועט איהר נעמען, דען ער האט גאר גיהאט א-נ-אנדער שידוך, איין אפ גירעטער פון לאנג אן, נאר כל זמן פייקע פלעגט אים קעבלע, פלעגט ער דאס אן נעמען פאר גוט, דען וואס ארט דאס עם? און יעצט אז עם האט זיך נימאכט דיא געשיכטע, האט ער שוין פון איהר גינומען נייכען וואו פעפער וואקסט, און האט גיהייראטעט מיט איין אנדערע. —

# 7.

## מאסקע איז גליקליך.

בערציק האט שמעריל'ס הויז איין גיפידט אין געהעריגין ארדענונג וויא פריער, ער איז ניט אפ גיפארין אהיים וואו

שְׁמֶערִיל איז גִיוָוארִין רָעכְט גִיזוּנְד, אוּנ הָאט מִיט זַיין טָאכְטֶער מַאשְׁקָע׳ גִימַאן אַ גְרוֹיס אַרְטִיגִין שִׁידוּךְ, עָר הָאט אִיהְר גִיגֶעבִּין 2000 רוּבִּיל נַדַן, מִיט אַייבִּיגָע קָעסְט, אוּנ הָאט גִינוּמֶען פַאר אִיהְר אַ חָתָן אַ גְרוֹיסִין לַמְדָן אוּנ אַ מַשְׂכִּיל פוּן פַיינָע עֶלְטֶערִין. —

אִין אַ פָּאר מָאנַאטִין אִיז גִיוֶוען דִיא הָאכְצַייט, בֶּערְצָע הָאט אִיהְר פוּן זַיינֶער זַייטֶע גִישַׁיינְקְט 200 פוּנְט שְׁטֶערְלִינְג, אוּנ שַׁיינֶע פְּרֶעזֶענְטִין, וָועלְכֶע עֶר הָאט פוּן עֶנְגְלַאנְד מִיט גִיבְּרַאכְט אוֹיף דֶער הָאכְצַייט זֵיינֶען גִיוֶוען דִיא פָארְנֶעהְמְסְטֶע לַייט פוּן שְׁטָאט, מֶען הָאט גִיהוּלֶעט אוּנ מְשַׂמֵחַ זִיךְ גִיוֶוען, יֶעדֶער הָאט זִיךְ גִיפְרֵייט אוֹיף אִיהְר גְלִיק.

נָאךְ דֶער חֲתוּנָה, אִיז שְׁמֶערִיל מִיט דִיא פָּאר פָאלְק גִיוֶוען צוּא זַאמֶען אִין זַיין שְׁטוּב, קַיין פְּרוֹיא הָאט עֶר שׁוֹין מֶער נִיט גִיוָואלְט נֶעמֶען, אוּנ הָאט זַיין לֶעבִּין צוּא גִיבְּרַאכְט מִיט דִיא קִינְדֶער צוּא זַאמֶען.

בֶּערְצִיק הָאט דָארְטִין פַאר זַאמְט נֶעבִּין זַיין פָאטֶער אוּנ שְׁוֶועכְטֶער מִיט אִיר מַאן עֶטְלִיכֶע וָואכִין אוּנ אִיז אָפּ גִיפָארִין נָאךְ לָאנְדָאן, מִיט דֶער פֶערְזִיכֶערוּנְג, אַז עֶר וָועט זַיי שְׁטֶענְדִיג הָאבִּין אִין זִינֶען, עָר הָאט זִיךְ פְּרֵיינְדְלִיךְ צוּא זֶעגִינְט מִיטִין פָאטֶער, אוּנ מִיט זַיין שְׁוֶועסְטֶער מִיט אִיהְר מַאן אוּנ אִיז אַרוֹיף אִין פָּאיֶעדְז צִיהֶען צוּרִיק נָאךְ לָאנְדָאן.

**עֶנְדֶע.**



# רשימה פון קליינע מעשיות עברי טייטש.

1) מקח טעות
2) אונגעריכטער גליק
3) אונגליקליכע אסתר
4) אברהם׳ע׳לע בע״ג
5) אבדאיע זאך
6) בעלאהנונג
7) באמקע פייפער
8) גלאמפישקער פרעזידענט
9) לעבעדיגע מצבה
10) שרעקליכער חלום
11) ריכארד צווישען שפאנישע מערדער
12) קינד אין קארן
13) גרושה
14) אטוויטער בעוה״ז
15) בערציק דער יתום
16) חצקיל די באבעס זאהן
17) מאטקע פליך
18) מחותנים פון שונאים
19) מיאוסער טעות
20) דער ממזר
21) פארלארענער בריף
22) רייכע לאנד
23) ט״ו כסליו
24) יאיצאקורי אוצאט
25) נייעס פון יענער וועלט
26) ליבע נאכען טויט
27) די בעטראגענע ליעבע
28) אגיפערליבע טריט
29) דער חתן אלס דאקטאר
30) געלד אונד ליבע
31) די בלאנדע אונד די שווארצע
32) דער יודישער גבור
33) די שטאלצע קורלענדערין
34) דער שמיד אלס דאקטאר
35) דער ממזר אלס דאקטאר
36) דער זינדיגער
37) אייזיקיל לץ
38) הייקע דיא שוועבעלע
39) איין פערלארענעס לעבען
40) דאסחנוכהליכטיל
41) דער גרינער אונד דער דזענטלמאנן
42) איין זאהן פון איין בעזדיעטניק
43) א מעשה פון ארב מיט ארעבעצן
44) קורץ אונ שארף אַנעקדאטען בוך
45) צווישען רעליגיאָן אונד ליעבע

# יעצט האבען מיר צוגעגעבען 13 נייע געשיכטעס

48) דער ישיבה בחור.
49) דער הייליגער ברית.
50) דער ווייטער קוק פון אלטען רב.
51) דער מהר״ל פון פראַגע מיט זיין לומענעם גולם.
52) דער פאלשער גט.
53) די פארמאסקירטע גרעפין.
54) די פאלשע כלה.
55) דעם קעניגס געליבטע.
56) דער רויטער אידיל.
57) זיבעןוואונדער פון בעש״ט און פון זיינע תלמידים.
58) לעבעדיגערהייד אין הימעל אדער א מעשה אן אסוף.
59) קאפריזנע אלטע מויד.
60) ר׳ שניאור זלמן האדמו״ר הזקן פון לאדי.